## פון דעם זעלבן מחבר:

„נאַרציסן" (סאָנעטן) — טשערנאָוויץ, 1936

„אָוונט ביים פּרוט" (סאָנעטן און לידער) — ניו־יאָרק, 1942

פאַר אלבה ליין
מיט פריינטשאַפט

פריד ווייניגער

מ. פריד וויינינגער
31 יאַנואַר 1960

# א פאַסטוך אין ניו-יאָרק

סאָנעטן און לידער

בוענאָס איירעס, 1951

„אַ פֿאַסטוך אין ניו־יאָרק״, קלינגט אפשר טשעקאַווע, אָבער עס וויל בלויז אויסן זיין, אַז נאָסטאַלגיש בענקסטו נאָך דער לאַנדשאַפֿט פֿון אַמאָל.

דער פּרוט, יענער ווונדערלעכער טייך, וואָס רוישט אַדורך אַזוי אוּ־מעטיק און פֿול מיט מיסטעריע, אין טאָל פֿון דיין אַמאָליקער היימשטאָט טשערנאָוויץ, איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן.

ביים ברעג פֿון האָדסן, אין דעם גערויש פֿון מעטראָפּאָליס, נעמט דיך אַ נייער ריטם אַרום..

נאָר דאָס געמיט בייט זיך ניט.

דער וואַלד און דאָס פֿעלד, די זון און דער באַשטערנטער הימל, לעבן אין דיר און אין ליד, אין דער זעלבער מאָס ווי אַמאָל.

און אויב דיין גורל האָט דיך אויף אַ ווייל דערפֿירט צו די גרינע פּאַמפּעס פֿון אַרגענטינע — איז עס איינע פֿון די אַנטפּלעקונגען — אויפֿן לאַנגן וועג.

דורך די דזשונגלען פֿון קאָלומביע און עקוואַדאָר, איבער די „אַלטי־פּלאַנאָס״ פֿון פּערו און באָליוויע, האָסטו זיך דערשלאָגן ביז צו די ברעגן פֿון פּלאַטאַ, און געפֿונען רו אויף אַ ווייל.

---

די סאָנעטן און לידער, וואָס גייען דאָ אַריין, זענען אַן אויסקלייב פֿון אַ זאַמלונג, געשריבן אין די יאָרן 1942—1950.

די איבערזעצונגען פֿון שאַרל באָדלערס לידער שטאַמען פֿון 1936—1937.

די איבערזעצונג פֿון עדגאַר עלן פּאָס „דער ראָב״ שטאַמט פֿון יאָר 1941.

אַ האַרציקן דאַנק און גרוס אַלע חברים און פֿריינט, וואָס האָבן מיר אויסגעשטרעקט אַ האַנט פֿון דערמוטיקונג אויפֿן וועג פֿון מיינע וואַנדערונגען.

אַ באַזונדערן דאַנק דעם פֿריינט מענדל אַבזאַץ פֿאַרן העלפֿן אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

בוענאָס איירעס, 1951.

# אייביקער גאַסט

אין אַ וואָלקן אַ ווייסן געהילט,
אינעם וואָלקן פון אייביקן גאַסט,
וועל איך קומען צו אייך אויף אַ ווייל,
אויף אַ רגע אַזוי ווי סע פּאַסט.

אין דער טיר וועל איך אָנקלאַפּן שטיל,
און פּאַמעלעך אַריבער דעם שוועל.
איר וועט אָנגיסן לויטערן וויין,
און אין שטוב וועט זיין פריילעך און העל.

וועט דער וואָלקן צערינען, צעגיין,
וועל איך דעמאָלט פאַרלאָזן דאָס הויז;
עס זאָל קיינער ניט זען ווי איך שטיי
אין מיין נאַקעטקייט, וואונדיק און בלויז.

עס זאָל קיינער מיין אומרו ניט זען,
אויך דעם אומעט ניט ס׳האָט מיך באַקרוינט.
ס׳האָט איין רגע פון יום־טוב און פרייד
מיך פאַר אַלצדינג אין לעבן באַלוינט.

## אַ זשמעניע גאָלד אין טונקל בלוי

אַ ביסן ברויט און אַ געלעגער פאַר מיין קאָפּ,
און כ׳וואַרף פון זיך די גרויע זאָרג אַראָפּ.
נאָר הימלען דאַרף איך זיבן האָבן;
כ׳האָב ליב די שטערן אויסצוגראָבן,
און זיי צעוואַרפן גלאַט אַזוי,
אַ זשמעניע גאָלד אין טונקל בלוי,
און ווער סע וויל זאָל קומען אויבן,
און זאָל דאָס אַלץ צוזאַמענקלויבן.

אַ ביסן ברויט און אַ געלעגער פאַר מיין קאָפּ,
און כ׳וואַרף פון זיך די גרויע זאָרג אַראָפּ.
איך דאַרף קיין אוצרות ניט וואָס שימלען,
גיט בעסער מיר די זיבן בלויע הימלען,
און כ׳פּרעס אַ גאַנצע נאַכט פון שטערן וויין
אין טונקל-בלויען פאַס אַריין,
און ווער סע וויל זאָל קומען טרינקען,
און זאָל מיך אויך אַמאָל געדענקען.

# אַ ליד

פון הויכן בלויען בוים,
האָב איך אַ זון אַראָפּגעריסן,
און בין אַוועק צוריק אין שטעטל
איך זאָל אַ יעדן לאָזן וויסן.
כ׳האָב אַלעמען געוויזן וואָס איך האָב,
און אויסגעלערנט יעדן ווי מען צינדט דאָס זונליכט אָן.
און ווי מען פּרעסט פון זונפאַרגאַנג
דעם זאַפט אַרויס,
און פאַרבט דעם רויטן מאָן.

האָט עמעץ זיך צעשריגן אַז מיין זון
שטעכט אַלעמען גאָר אין די אויגן.
און אַנדערע האָבן גלאַט געזאָגט:
ס׳איז ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.
האָב איך מיין אוצר אין זיך באַהאַלטן,
און בין אַוועק אין וואַלד צו אַלע וועוורעקלעך,
און כ׳האָב די זון אין טויזנט ניסעלעך צעשפּאַלטן.

## אייביק איז דאָס ליד

ס׳האָט קיינער נאָך ביז היינט די זון געפרעגט,
פאַרוואָס זי גליט אַ גאַנצן טאָג און ווערט
אין פיבער רויט, באַרירנדיק די ערד — —
דעם האָריזאָנט פאַרנאַכט; פאַרוואָס זי לייגט

איר קאָפּ אַוועק אין טרוים און רו און הערט
אַזוי נאַכט־איין נאַכט־אויס, ווי גאָט באַוועגט
דעם פּעכער טונקלקייט. און ווי סע פּלעגט
אַמאָל אַ סאָווע קלאָגן, ווייל באַשערט

איז איר צו קלאָגן אין דעם וואַלד ביינאַכט.
פאַרוואָס־זשע פרעגן זיי דעם דיכטער היינט,
פאַרוואָס ער האַלט אין תפילה צוגעמאַכט

די אויגן, אין אַ ליד צו איר וואָס שיינט,
אַז אייביק איז דאָס וווּנדערליכט פון גאָט!
אַז אייביק איז דאָס ליד און זיין געבאָט!

## מיינע הימלען ווי לעמער

„אַ פּאַסטוך דאַרף טראָגן אַ טאָרבע אַ פּראָסטע,
און פּייפֿן זיין ליד אויף אַ הילצערנעם פֿלייט״,
אַזוי האָט פֿאַרשטאַנען, אַזוי נאָר פֿאַרשטייט
מיין שכן. דער פּאַסטוך — אַ טאָרבע אַ פּראָסטע,
אַ ליד אויף אַן אמתן הילצערנעם פֿלייט.

איך אָבער, וואָס פֿיר מיינע הימלען ווי לעמער,
און פּייף מיר אַ ליד אויב איך וויל אויף אַ שטרוי,
צי כ׳מאַך מיט די פֿינגער און גלאָט נאָר אַזוי,
ווי קען ער מיר גלויבן, אַז איך בין אַ פּאַסטוך,
אַז כ׳פּייף מיר אַ ליד אויב איך וויל אויף אַ שטרוי.

## ווער זינדיקט...

ווער זינדיקט, שטאַרבט מיט גאָט אויף זיינע ליפּן.
דער פרומער טראָגט אין בליק זיין שטילע תּפילה.
איך וויל מיין בעכער ביז צום סוף אויסזיפּן,
און שטאַרבן וויל איך אָבער אָן מחילה.

נאָר דער האָט מורא פאַרן יום הדין,
וואָס לעסטערט און וואָס לויבט זיין ליבן נאָמען.
איך אָבער בלייב אַזוי שוין ווי איך בין,
איך וועל דאָס וואָרט דאָס איינציקע ניט טומאהן.

כ'האָב פיינט, ווען ס'שלאָגט אַ רשע זיך על חטא,
ווען אַלטע זונות רעדן וועגן בורא.
און פאַר אַ קריסט, וואָס טראָגט אַ צלמל פון גאָלד,
האָב איך ווי פאַר אַ תליון תמיד מורא.

כ׳האָב מורא פֿאַר מיין שכן, וואָס שפּאַנט אום
אין שטוב, אַ שעפּשנדיקער און אין זאָקן.
איך האָב אין שטומע נעכט ניט איינמאָל זיך
פֿאַר אים, ווי פֿאַר אַ בייזן שד דערשראָקן.

כ׳אַנטלויף פֿון די וואָס פּרווון זייער חורבן,
מיט אַ געיאָמער און געוויין פֿאַרטרייבן.
אָ, ליב איז מיר, ווער ס׳שרעקט זיך קיינמאָל ניט,
אַז ס׳וועט אַמאָל פֿון אים קיין סימן בלייבן.

ווער זינדיקט, שטאַרבט מיט גאָט אויף זיינע ליפּן.
דער פֿרומער טראָגט אין בליק זיין שטילע תּפֿילה.
איך וויל מיין בעכער ביז צום סוף אויסזיפּן,
און שטאַרבן וויל איך אָבער אָן מחילה.

## אַנטפּלעקונג

איך שטאַרב און האַלט אין איין געבוירן ווערן.
פֿאַרגיי איך, לעשט די זון אויס אירע פֿלאַמען,
צעשפּאַלטן זיך דערשראָקענע די ימען,
און איר צעפּליישט אייך ווי די וועלף און בערן.

קום איך צוריק און בלייב מיט אייך צוזאַמען,
הייבט איר זיך ווידער אָן ווי זאַמד צו מערן,
די ערד ווערט פֿעט, קאָן אַלעמען דערנערן,
און פּירות קריגן ווידער אַלע טעמ׳ען.

דער דורשט נאָך בלוט איז אָבער אייער גזר.
מיט שנאה הייבט איר אָן זיך צו באַפֿלעקן,
און לייגט אַרויף אויף מיר אַזויפֿיל צער.

נעם איך אין האַנט דעם שוואַרצן וואַנדערשטעקן,
איך גיי, און בין אייך מוחל אויך דערפֿאַר,
דאָך וועל איך זיך אַמאָל פֿאַר אייך אַנטפּלעקן.

# אין רו און אין פרידן

די זון לייגט אַרויף אויף מיין אַקסל,  
איר מידן צעפּיבערטן קאָפּ.  
ס׳ווערט אָוונט, איך לאָז אירע וויעס  
אין רו און אין פרידן אַראָפּ.

איצט נעם איך די זון און באַהאַלט זי,  
ביז מאָרגן גאַנץ פרי אין מיין בליק.  
דאָ וועל איך זי האַלטן פאַרבאָרגן,  
ביז גאָט וועט זי מאָנען צוריק.

## ווען איך וועל שטיין פֿאַר גאָט

און אַז דער אָוונט־דעמער
פֿון יענער לעצטער שעה,
וועט זיך פֿאַר מיר פֿאַרנויגן
אַזוי ווי כ׳שטיי אַדאָ,

בעת די אויגן טרינקען
דאָס ליכט פֿון זונפֿאַרגאַנג,
און איידער ס׳קלינגט דער שטערן
זיין ערשטן אָנקום־קלאַנג,

וועל איך פֿון דאַנען שפּאַנען
מיט אויסגעלייזטן טראָט,
און ס׳ליד וועט זיין מיין תּפֿילה
ווען איך וועל שטיין פֿאַר גאָט.

# שבת

אַ יום־טובדיקע פרייד אין האַרץ,
די וואָך איז ווייט שוין ערגעץ־ווו.
ס׳איז שבת — זע די גאַנצע וועלט
איז איינגעהילט אין טרוים און רו.

איך היל זיך אין אַ ליכטשיין איין,
און אַלץ ווערט פאַר מיר אויפגעהעלט.
איך בענטש דעם שלום און די רו,
איך בענטש די שבתדיקע וועלט.

און גרעסער ווערט די פרייד אין האַרץ,
די זון מאַכט אירע אויגן צו.
דער האָדסן און די בלויע בערג,
זיי זענען איינגעהילט אין רו.

סע שיינען אַלע שטערן אויף,
און ס׳ווערט דער הימל אויפגעהעלט.
איך בענטש דעם שלום און די רו,
איך בענטש די שבתדיקע וועלט.

## מיט אַ נגון פון אומעט

איך וועל מיינע שטערן אין הימל צעוואַרפן,
צעצינדן דאָס פייער אין זיי מיט אַ בלאָז.
כ׳וועל הייסן די פלעדערמויז זאָל שוין צעקלינגען
דאָרט אויבן אין טורעם דאָס גלעקל פון גלאָז

פון שטייגל אַרויסלאָזן פריי מיט אַ פלאַטער,
כ׳וועל דעמאָלט דעם פויגל — אַ שאָטן אַזוי —,
דער פויגל וואָס זינגט מיט אַ ניגון פון אומעט,
ביז דער האָן טוט א קריי און אַנטפלעקט זיך אין גרוי.

ווּעסטו דעמאָלט הערן אין ניגון פון שטערן,
וואָס בליען אַלץ העלער אין ציטער פון ליד —
פון שטערן וואָס איך האָב אין הימל צעוואָרפן,
מיין אייגענע תפילה, מיין אומעטיק ליד.

# אַ ליד פון אַמאָל

דער אָדלער וואָס טראָגט אויף די פליגל דעם הימל —
ווי דו טראָגסט די ערד און דעם ים אין דער האַנט,
איז מיר ווי אַ חלום אַנטקעגן געפלויגן
און האָט אין א ליד פון אַמאָל מיך דערמאנט.

דאָס ליד וואָס דער אָדלער זינגט אויס אויף די פליגל,
דערקענסטו אַצינד אין דעם ליכט פון מיין בליק?
דאָס ליד הייבט זיך אָן מיט אַ פויגל אַ בלויען,
וואָס פליט און דערפליט און קומט קיינמאָל צוריק.

אַ בוים וואַקסט דאָרט אויבן אַריבער די וואָלקן,
אַ זון הענגט אַראָפּ פונעם אייבערשטן צווייג.
ווער ס׳פליט ניט אַרויף ווי דער פויגל דער בלויער,
פאַרגייט אין זיין איינזאַזמקייט ווי אין אַ שטייג.

# איך בין דעם ים אַזוי מקנא

דער ים טראָגט אַלע שוואַרצע שטורעמס
אין זיך, אין טיפסטן גרונט פאַרבאָרגן.
איין רגע בלויז... און אַלץ גייט אונטער.
נאָר פרידן קומט און רו איז מאָרגן.

איך טראָג אין האַרץ אַזויפיל שטורעמס,
נאָר עפּעס צוימט די כוואַליעס איין.
בין איך דעם ים אַזוי מקנא,
וואָס ער קאָן נאָך אַ שטורעם רואיק זיין.

איך בין דעם ים אַזוי מקנא,
ער שפּייט זיין ווילדן טונקלען צאָרן
אין כוואַליעס אויס צום גרויען הימל,
און ווידער איז ער אַזוי שטיל געוואָרן.

## אויפן ים

דער ים־גאָט האָט פאַרלאָזט די טונקלע טיפן.
דעם שפּיז מיט שפּיצן דריי האַלט ער מסתּם
אין האַנט אַצינד, און קעמט ווי מיט אַ קאַם,
די וואַסערהאָר וואָס פינקלען גרין און טריפן.

אין זיינע אויגן ברענט דער אָפּגרונט־פלאַם,
נאָר איך און דו מיר וויגן זיך ווי שיפן.
די כוואַליעס פון אַ לייכטן ווינט געשליפן,
קרישטאָלן — עמעראַלדן פונעם ים.

די זון — די פאָן אויף אונדזער העכסטן מאַסט,
זי פלאַטערט קעגן מערב מער און מער.
און אויך דער אַלבאַטראָס, דער פויגל גאַסט

האָט זיך געזעגנט, איז אַוועקגעפלויגן.
פּאָסעידאָן אָבער ברענגט די נאַכט אַהער,
טויכט אונטער און לעשט אויס די גרינע אויגן.

# וואַסערמיידן

מיין בליק צעשוימט די כוואַליעס גרין ווי סם,
ווי ס'פינקלט יעדער טראָפּן אויסטערליש.
סע שמעקט דער נאָכמיטאָג מיט זאַלץ און פיש,
מיט פוילע וואַסערפלאַנצן און מיט שוואם.

איך לאָז ווי פישער־שיפלעך אויפן ים,
די אויגן ווי אין אַ פאַרוויגעניש.
אַ וואַסערמויד האַלב יונגפרוי און האַלב פיש,
הייבט אָן שוין שניידן רייפטלעך פון דעם פלאַם,

פון רויטער זון ווי פון אַ לאַבן ברויט.
אַ צווייטע זאַלבט איר שליימיק נאַסע הויט
מיט פערלמוטערדיקן מושלאייל,

טויכט אונטער אין דעם אָפגרונטס טיפער הייל,
טויכט ווידער אויף אין לעצטן פייער־רעגן,
און לייגט די נאַכט אויס אויף די וואַסערוועגן.

## ס׳איז צייט שוין...

ס׳איז צייט שוין. כ׳רוף די ווילדע גענדז צונויף,
פון אַלע שילפן-וועלדער מיט מיין בליק.
איך לאָז זיי פליען אויף אַ ווייל צוריק,
אַהין, אין זוניק־העלן דרום־הויף.

דער זומפּ שווייגט שטיל און קוקט צו מיר אַרויף,
ווי כ׳הענג אַריבער אים די אָסיען־בריק;
די דינע פעדעם פון מיין אייגן גליק,
און כ׳עפן אַלע איינזאַמקייטן אויף.

דער שרייגעזאַנג פון ווילדע גענדז, אין בלוי
פון הימל — אַנזאָג פון פאַרלאָשן ווערן.
ס׳ווערט אַלצדינג שפּעט־סעפּטעמבערדיק אַזוי;

דער זומפּ נאָר קען אַצינד אין שטילקייט הערן,
ווי איך צעקלינג אין הימל כמאַרע־גרוי,
די גלעקלעך, מיינע אָסיענדיקע שטערן.

## דער שטורעם

אין הימל לויפט דער דונער־לייב אַרום,
טוט מיטאַמאָל אַ רעווע, עס גאַלאָפּן
אין טשערעדעס די ווייסע אַנטילאָפּן,
דער פּחד לויערט גרוי און אומעטום.

דו הערסט נאָר ווי די פּיסלעך זייערע קלאַפּן
זיך אין די שטיינער אָן וואָס בלייבן שטום.
דער דונערלייב טוט נאָך אַ ווילדן ברום,
זיין לעכץ דערציטערט יעדן רעגנטראָפּן.

עס בליצן פייערדיקער זיינע ציין,
און בייסן זיך אַריין דאָרט ערגעץ־ווו
אין טונקלע וואָלקנס ווי אין פלייש און ביין.

נאָר דו האָסט פלוצלונג אָפּגעשטעלט דעם שטורעם,
און ווידער יענע בלויע פאָן — אין רו
אַרויפגעצויגן אויפן מאַסט פון טורעם.

## האַרבסטיק וווּנדער

אָסיען. עפּל שפּילן זיך אין זונפאַרגאַנג,
און צעפּלאַמטע פֿאַלן זיי אין האַנט פֿון פֿויער.
ווי איך שטיי אַזוי ביים פּלויט פֿון גאָרטן,
האַלב פֿאַרחלומט בלוי, און האַלב אַן ערדיש־גרויער.

איז עס פּלוצלונג נאַכט געוואָרן. נאָר איין בוים,
ווערט גאָר ליכטיקער און שיינט אויף ווי אַ וווּנדער.
און מיר דאַכט זיך אַז איך הער ווי ס׳רעדט דער בוים,
ווי סע רעדט צו מיר איעדער צווייג באַזונדער.

כ׳האָב דעם בוים פֿאַרשטאַנען ווי מיין מאַמע־לשון,
יעדעס בלעטל וואָס האָט אויסגערוישט אַ וואָרט.
אין אַנטפּלעקונג האָב איך מיטאַמאָל דערפֿילט,
ווי איך ווער אַזוי פֿאַרגליווערט אויפֿן אָרט.

פֿון אַ רויטן עפּל איז אַ קאָפּ געוואָרן.
און פֿון צווייגן, גוף מיט לאַנגע פֿיס און הענט.
נאָענט איז די זעאונג צו מיר צוגעקומען,
האָב איך ווי אין שפּיגל זיך אַליין דערקענט.

## סוף פון נאָוועמבער

דער קרא פֿון די קראָען
פֿאַלט שוואַרץ פֿונעם הימל אַראָפּ,
צעפּלאָטערט פֿון ווינט
אין סוף פֿון נאָוועמבער.
די ערד שמעקט אַצינד מיט פֿאַרגיין...
מיט הויך פֿון פֿאַרוויאַנעטע בלעטער.
עס דעמערט אַלץ גרויער דער וואַלד,
דער איינזאַמער וואַלד, אָ, דער דעמבער.

אין פֿייכטער צעפֿוילונג,
אין אָפּשטאַרב פֿון אַלץ — וואָס פֿאַרדעקט
די מאָכענע, סאַמעטע גרינקייט פֿון ערד,
מיט שלייערס פֿון גאָלדענעם אַמבער, —
זוכט איצטער דער וועוורעק אַרום.
דער האָז....
אויף שוואַרצגרויע שכנישע פֿעלדער.
און איך, אין דעם סוף פֿון נאָוועמבער,
פֿון האַרץ לאָז אַצינדער ארויס,
דעם רויטן געפֿאַנגענעם פֿויגל
פֿון מיינע פֿאַרכישופֿטע וועלדער.

# אַ פֿאַסטוך אין ניו־יאָרק

זי שווייגט דיך אָן מיט שטומקייט, שטיין און שטאָל.
און רעדט מיט רעש , מיט רויך און רעדער־דריי.
פֿון דיר רופֿט אייביק אויס דער קוקוויי:
דיין בלויע וועלדער־בענקשאַפֿט פֿון אַמאָל.

אויף בולעוואַר, אין מיטן פֿון בראָדוויי,
פֿירסטו דיר דיינע שאָף ווי אין אַ טאָל.
דו שערסט זיי אָפּ די קוטשער׳עווע וואָל,
און ווילסטו שמעקט דער חלום פֿריש ווי היי.

דו הערסט ווי ס׳רוישט דער פֿרוט פֿון ערגעץ ווייט.
פֿאַרכישופֿט ווערןביידע שורות הייזער —
אין ברעגן מיט אַ דאָרף אויף יעדער זייט.

אפֿילו אין פֿאַבריק דער זייגער־ווייזער
וואָס ציילט און צאָלט פֿאַר יעדער שעה באַזונדער,
ווערט צייטלאָז אין דעם אויסגעטראַכטן וואונדער.

# פרימאָרגן

אין בלייכן ליכט צעוואָרקען זיך די טויבן,
און איבער דיר אַ דאַך איז אויפגעגרויט.
די שטאָט שמעקט שוין מיט פרישגעבאַקן ברויט,
און מיטן מיסט וואָס גאַסן־קערערס קלויבן.

עס שלעפּט צונויף זיין ביסל ביין און הויט,
דער היימלאָזער אין פּאַרק, און וואַרט אַ נס פון אויבן,
זאָל אויך זיין בלוט פאַרוואַנדלען ווי די שויבן,
פון אַלע הייזער — אַזוי פּורפּור־רויט.

פרימאָרגן נעמט אַרום די גרויע שטאָט,
צוערשט מיט ליכט, דערנאָך מיט הענט פון שטאָל.
מיט אַלעמען שפּאַנסטו אין זעלבן טראָט.

דו הילסט זיך איין אין רוישן פון מאַשינען —
אַזוי ווי דו פלעגסט אינעם פעלד אַמאָל,
זיך איינהילן אין זשומען פון די בינען.

## ביים האָדסן

ווי איבערן גרינעם ים אַן אַלבאַטראָס,
ביסטו ביים האָדסן טייך אַרומגעפּלויגן —
די זאַלציק־פרישע ריחות איינגעזויגן,
געטרונקען ליכט די שיכרות אָן אַ מאָס.

די זון האָט דיר דערלאַנגט מיט פרייד דעם כוס.
האָסטו געטרונקען אים מיט דיינע אויגן.
דער האָדסן האָט זיך גאָלדענער געצויגן,
געדאַכט האָט זיך ער שוימט ווי וויין אין גלאָז.

פאַרנאַכט האָסטו די זון אַראָפּגענומען
פון הימל, רויִט און בענקענדיק נאָך רו,
געהייסן אַז דער אָוונט זאָל איצט קומען

פון יענער זייט, פון יענעם ערגעץ־ווו.
די זון אין טייך אַריינגעוואָרפן — ציש,
די רויטע קויל פאַרוואַנדלט אין אַ פיש.

# גרויסשטאָט

טונעלן — אָדערן פון שטאָט, און באַנען —
דאָס בלוט וואָס רינט דאָ אַזוי שוואַרץ און גיך.
און ס׳האַרץ? איך פיל עס פיבערנדיק אין זיך,
אויב ס׳איז אַ האַרץ נאָך אין דער שטאָט פאַראַנען.

נאָר ליב האָב איך אַן אומבאַקאַנטער שפּאַנען,
דורך גאַסן שפּאַנען, אויסטון מיינע שיך
אין חלום; ווייל אַ באָרוועסער בין איך
וואָס וויל אין גרינע לאַנקעס זיך דערמאנען.

און כאָטש די גרויסשטאָט אָטעמט מיט בענזין,
מיט פּעך, מיט שווייס, מיט רויך פון דער פאַבריק,
דערקענט מיך בלויז אין קנעכט פון דער מאַשין;

נאָר ווי אַ פּאַסטוך טראָג איך אין מיין בליק,
די זאַפטיק־גרינע לאַנדשאַפט. אָ, ווהין
איך וועל אַמאָל דערבענקען זיך צוריק.

## שימפּאַנזע

דער אורוואַלד ענדיקט אָפּט זיך אין אַ שטייג.
אַ גרויזאַמקייט פון לעמפּערט און רעפּטילן!
ווי שווער איז זיך צו נייגן פאַרן ווילן
פון אדם מיט דער ביקס און מיט געצייג.

זי פּרוווט אין זיך די בענקשאַפט איינצושטילן,
און גלעט אַ גראַטע ווי אַ גרינעם צווייג.
נאָר כאַפּט זי אויף אַ ניסל צי אַ פייג,
דאַן פרייט זי זיך נאָר ווי אַ קינד ביים שפּילן.

אויף שטריקן מיט די אייזערנע צוויי רינגען,
דערוואַכט צומאָל אין איר דער וואַלד ביים שפּרינגען,
און עפּעס פילט זי אינעם בלוט פון חיה

אַ חלום ווידער אויפגיין: דזשונגלען פרייע.
טוט זי אַ שפּיי אויף דיר וואָס ביסט געשטאַנען
און האָסט אפילו ניט דעם זין פאַרשטאַנען.

# דענקמאָל פון א. לינקאָלן אויף יוניאָן סקווער

אַלטמאָדיש אָנגעטאָן פֿאַר אַזאַ שטאָט,
ווי אַ פּראָווינצלער וואָס קומט איצט פון ווייט.
איז גרין פון ווינט, פון רעגן און פון צייט,
נאָך טרוימט ער: יעדער מענטש איז גלייך פאַר גאָט.

אַ טויב האָט זיך אַרויפגעזעצט פאַרשייט,
גראָד אויף זיין קאָפּ, דערציילט אים ווי מען האָט
פאַרגעסן שוין כמעט אָן זיין געבאָט
וואָס האָט דאָס נעגערפאָלק אַמאָל באַפרייט.

זי דרעמלט קוים און חלומט אויף זיין קאָפּ:
„די אייביקייט ליגט ניט אין בראָנז צי שטיין,
און ס׳איז נאָר אייביק דאָס וואָס איר היט אָפּ.״

נאָר פּלוצלונג קייקלט עפּעס זיך אַפּער
פון אונטערן טייבלס עק, פאַרחלומט, שיין,
און פאַלט אויף אים אַרויף נאָר ווי אַ טרער.

## SALVATION ARMY

די אויגן האַלב פאַרמאַכט צוויי אַלטע מיידן,
ווי בלייכע אויסגעלאָשענע לבנות.
זיי זינגען פרומע לידער, פאַר מתנות,
וואָס פירן גלייך אַריין דיך אין גן־עדן.

אַ קליינער אָרגל בעט זיך האָט רחמנות:
מיט יעזוס קריסט זאָלט איר זיך ניט צעשיידן,
ווער ס׳איז אין נויט דעם זאָלט איר שפּייזן, קליידן,
און העלפן זאָלט איר ווער ס׳איז אין סכּנות.

דערמאָנסטו זיך: ווי ס׳איז די וועלט אין פלאַמען,
אַז ערגעץ־ווו פאַרגייען פעלקער, שטאַמען,
אין פייער, בלוט, מיט זייער גאָט צוזאַמען.

און דאָ אין סאַמע מיטן פון בראָדוויי,
פאַרלוירן אינעם רעש, שטייט אַן אַרמיי
פון זינגענדיקע אַלטע מיידן צוויי .

# פּאָרטרעט פֿון אַן אַלטן טענצער

(ביי פּאָל סוואַן אין טאַנץ־סטודיאָ)

דער אָטעם פֿונעם טויט, צעפֿוילעניש.
אַ ריח פֿון פֿאַרוויאַנעט־אַלטע בלומען.
געמיש פֿון שימל, שטויבן און פּאַרפֿומען,
אַ הויך וואָס הויכט נאָך אין דער איילעניש.

אַ קול וואָס ציטערט, פֿיבערט אין פֿאַרשטומען.
די אויגן גלאָז — ווי גלעזער אויפֿן טיש.
אבסינט און שיכּרות, חלום פֿון האַשיש.
דער טויט טויזנט אין טויזנט פֿאַרביקע קאָסטיומען.

צען פֿינגער טאַנצן ביים קלאַוויר מאקאבער.
אַ שאָטן דרייט זיך אויפֿן טאַנצפּאַרקעט,
אין בלייכן ליכט וואָס צאַנקט פֿון קאַנדעלאַבער.

און אויך די ליבע איז אין זאַל פֿאַראַן.
מיט פֿלאַכע ברוסטן זיצט דאָרט אַ סקעלעט,
און ווי אין חלום טאַנצט פֿאַר איר: פּאָל סוואַן.

# דער וואַלקן

אין הימל־קרעטשמע איינער נאָך פֿאַרבליבן; —
אַ וואָלקן וואָס האָט שוין פֿאַרזעצט די שיך,
אין זונפֿאַרגאַנגען־וויין געבאָדן זיך,
דער דעמער האָט דעם חשבון רויט פֿאַרשריבן.

כאָטש ניכטער ווערט אַ וואָלקן אָפּטמאָל גיך,
אין מערבֿ־טורעם קלינגט דער זייגער זיבן.
האָט אים די פֿלעדערמויז אַרויסגעטריבן,
און אים געשאָלטן ער זאָל גיין צום רוח.

דעם וואָלקן אָבער האָט געגלוסט זיך טאַנצן
אַריבער שאָטן־בערג און אָוונט־גריבער.
אין שמחה האָט ער אָנגעהויבן גלאַנצן

אין אַלע פֿאַרבן פֿונעם שיכרות־פֿיבער.
האָט אים די זונה נאַכט פֿאַרפֿירט אין קאָרן —
ערשט דעמאָלט איז ער ניכטערער געוואָרן.

# טונקלע נאַכט

מען קאָן מסתּם צוליב מלחמה־צוועקן,
מער ניט קיין שוועבעלעך אין הימל קריגן.
איך האָב געזוכט די שטערן ווו זיי ליגן,
און אָנגעטאַפּט זיי בלינד נאָר מיט אַ שטעקן.

איך זאָל זיך פֿאַר דעם חושך ניט דערשרעקן,
האָב איך געברומט פֿאַר זיך אַ שטילן ניגון,
און אָפּטמאָל אויף אַ הויכן קול געשריגן
איך זאָל די שלאָפֿנדיקע שטערן וועקן.

נאָר אַז די פֿינצטערניש האָט מיך געוואָרנט,
דער שונא איז ניט ווייט און אויף דער לויער,
און רוקט אַלץ נענטער צו צום הימל־טויער,

האָב איך, אַ גרייטער, זיך געשטעלט פֿון פֿאָרנט,
די אויגן גיך געלאָדן ווי געווערן;
געשטאַנען אויף דער וואַך מיט טונקלע שטערן.

## נאַכט פון באַכאַנאַל

דאָס נאַכטהעמד צוגעגאַרטלט מיט צוויי שטריקן,
נעם איך דעם בעזעם ווי אַ פערד פון שטאַל,
און שפּרינג אַרויף — די נאַכט פון באכאנאל
איז אויסגעשטערנט מיט גיהנום־בליקן.

אָט זע איך מיך שוין אויפן שדים־באַל.
דער עלטסטער וועט מסתּם פאַר מיר זיך ביקן,
און זונות נאַקעטע אַנטקעגן שיקן —
ס׳וועט וויין זיך גיסן ווי אַ וואַסערפאַל.

נאָר ווי איך פלי דורך אַלע זיבן רוימען —
אַ באבע פרעגלט פאָווידל פון פלוימען,
אַ זיידע קנאַקט אַ וורשטל און טרינקט ביר.

ווי מאָדנע פרעמד ער קוקט אַרויף צו מיר.
כ׳האָב זיך אומזיסט פאַרקעמט פון עק די האָר,
מיט בענדער, גלעקלעך זילבערנע אַ פּאָר.

# העלע נאַכט מיט אַ האַלב לבנה

אַ בשורה פּלאַטערט מיט די אָוונט־שוואַלבן, —
— די בלויע פלעדערמייז: אַז ערגעץ־ווו
אין הימל וועט זיך באַלד די שטערן־קו
אין זילבערשטאַל פון די פּלאַנעטן קאַלבן.

לבנה, מיין אַנגאָראַ־קאַץ פּרו־פּרו,
הייבט אָן זיך שוין צו פּוצן און צו זאַלבן.
ווייל אָבער הייבט זיך ווייזן נאָר אין האַלבן,
דעקט זי איר אַנדערע העלפט מיט שאָטנס צו.

פאַר דיר האָט זיך אַנטפּלעקט אַ העלע נאַכט,
די האַלב־לבנה ליגט פאַר דיינע פיס
און פרוקעט שטיל די אויגן האַלב־פאַרמאַכט.

די נאַכט איז קלאָר ווי ווייַן אין זילבער־בעכער.
גיס אָן די אָוונטיקע אויגן, גיס
זיי אָן מיט ליכט וואָס טריפט פון אַלע דעכער.

# אַ שטערן־קו

אַ שטערן־קו, אַ שטערן־קו,
מעריקעט אויס איר זילבערמו.
איך עפן אויף פון שטאַל די טיר.
און לאָז אַרויס אין הויף דעם שטיר.
נאָר דער קאָמעט־שטיר פליט אַוועק,
ער שפּאַלט דעם הימל מיט זיין עק,
און קוקט אפילו זיך ניט אום,
ער טוט אפילו ניט אַ ברום,
צו דער פאַרשעמטער שטערן־קו,
וואָס בענקט אים נאָך איר זילבערמו.

אַ שטערן־קו, אַ שטערן־קו,
מעריקעט אויס איר זילבערמו.
נאָר אויף דער ערד ניט ווייט פון הי,
דער היטער פון די שטערן־קי...
דער אַסטראָנאָם ער שנייצט זיין נאָז,
און קוקט דורך זיין פאַרגרעסער־גלאָז,
און שרייבט עס אָן אויף אַ פּאַפּיר:
אַז ס׳איז אַוועק פון איר דער שטיר.

די שטערן־קו געפינט קיין רו,
מעריקעט אַלץ איר זילבערמו.

# טאַנצנדיקער קרבן

אין ווינקל צווישן ביכערשראַנק און בעט,
האָט זיך אַ שפּין צו מיר אַריינגעצויגן,
און אירע שפּינוועב־פֿעדעם דין געצויגן,
געעפֿנט דאָרט אַ טאַנצשול פֿון באַלעט.

אַ גרינע פֿליג אין תּיכף צוגעפֿלויגן,
מיט העלע פֿליגל, בלוי און וויאָלעט.
און ערשט דערפֿילט ווען ס׳איז געווען צו שפּעט,
אַז ס׳האָט די שפּין מיט פֿייער אין די אויגן

פֿון איר די טאַנץ־פּאַנטאָפֿל צוגענומען,
און זי אין גאַנצן נאַקעט אויסגעטון.
איך האָב געהערט איר לעצטע תּפֿילה זשומען

און ניט געקענט באַפֿרייען זי דערפֿון.
אַזוי איז זי אין שפּינגעוועב געשטאָרבן,
אַ טאַנצנדיקער, זינגענדיקער קרבן.

## מיינע קעץ

געוואַלגערט האָט די זון זיך פֿאַר די טירן,
איצט האַלט איך זי אין שטוב נאָר ווי אַ קאַץ.
איך גיב איר דעמער־מילך אין אַ טאַץ,
און מוז פֿאַרנאַכט זי אין אַ ווינקל פירן.

ווי מאָדנע זי האָט ליב זיך אויפצופירן;
זי טוט אין פּנים מיר צומאָל אַ קראַץ —
איך זאָל אויף טייטשמעריש זי רופן שאַץ,
און איר די נעגל פּורפּור־רויט לאַקירן.

נאָר מיין לבנה־קאַץ איז מער ראָמאַנטיש.
זי לייענט ביינאַכט נאָר עדגאַר עלן פּאָ.
ווי איך טרינקט זי פון חלום־פֿאַס באַכאַנטיש,

שעפּט מיט אַ בעכער אָן וואָס האָט קיין דנאָ.
מיין שכן וואָס האָט קעץ און קאָטערס פיינט,
מיינט ס'איז ניט שיין צו זיין ראָמאַנטיש היינט.

# לבנה־קאַץ

כ'האָב נעכטן מיין לבנה־קאַץ געבעטן ,
זי זאָל פֿאַר מיר אין מילך־געסל לויפֿן,
אַ טעפּל סמעטענע און פּוטער קויפֿן,
איר צוגעזאָגט כ'וועל אירע וואָנציעס גלעטן.

כדי זי זאָל זיך אָבער ניט פֿאַרשפּעטן —
דעם וועג אַנטפּלעקט איר אויפֿן גרינגסטן אופֿן.
און זי געוואָרנט פֿאַר די טונקלע הויפֿן,
וווּ קאָטערס לויערן ביי די שטאַכעטן.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך אויף איר געוואַרט,
און שוין געמיינט אַ שוואַרצער קאָטער־וואָלקן
האָט ערגעץ־וווּ אין הימל זי פֿאַרנאַרט,

צי מ'האָט די שטערן־קי נאָך ניט געמאָלקן.
וווּ מיינט איר זי געטראָפֿן, פֿייערפֿלאַם?
ביים כאַפּן זילבער־פֿישעלעך אין ים.

## חתונה פון דער לבנה־קאַץ

די שטערן טראָגן שטערנדלעך אין לאַץ
אַזוי ווי דו אין דיינעם טראָגסט אַ בלימל.
אַ שמחה דאָ ביי אונדז אין אָונט-הימל;
מען פירט צור חופה די לבנה־קאַץ.

די טירן אָפענע אין טרוים־פּאַלאַץ,
דער וואָלקן־וועכטער כאַפּט אַ זיסן דרימל.
צוויי בלויע בערג ווי הויקערס פון אַ קעמל
געפינען אין דער העלקייט ניט קיין פּלאַץ,

און זעצן זיך ווי בעטלערס, ביי דער טיר
פון ווייטן האָריזאָנט און טונקלע וועגן.
אַ שיכערער קאָמעט אויף אַלע פיר,

וואָס איז דאָרט ערגעץ שטיל ביז איצט געלעגן,
האָט פּלוצלונג זיך צעטאַנצט, די זילבערהאָר
צעפּלאַטערט אינעם הימל, העל און קלאָר.

## זייט ווײַסן אַז..

אַ קאַץ האָט פֿײַנבאַנעמונג און דערפֿאַר
לעב איך מיט קעץ און קאָטערס תּמיד גוט.
פֿאַר זיי האָב איך געשריבן וועגן פּרוט,
צעטיילט אַ יעדער קאַץ אַן עקזעמפּלאַר;

און ניט געוואָרט האָב איך אויף האָנאָראַר,
כאָטש יעדע קאַץ ווייסט אַז איך שרייב מיט בלוט.
בײַנאַכט ווען מידער קערפּער ליגט און רוט,
הער איך ווי איינע שפּילט אויף איר גיטאַר

אַ סערענאַדע פֿול מיט ליבע און דאַנק,
און אַנדערע ביים פֿענצטער אויף אַ באַנק
באַזינגען און באַמיאַווקען שטענדיק מיך.

און איך, טו דעמאָלט גיך אַ כאַפּ אויף זיך
פֿאַר פֿרייד, מיין שוואַרץ און ווײַס געפּלעקטע פֿעל,
און שאַרף די נעגל אָן ביים בלויען שוועל.

# דאָס וווּנדער אינעם שטיינבילד

דער שטיין דערפֿילט אין ציטער פֿון דיין אָרעם,
אין אָטעם פֿונעם האַמער, ווי סע ווערט
געבוירן ערשט דיין חלום, און דערהערט
אין אים דעם שטילן אָנקום פֿון אַ שטורעם.

אַ וווּנדער, ס׳האָט דער אויפֿברויז ניט צעשטערט,
נאָר זיך אַנטפּלעקט אין אויפֿבלי פֿון דער פֿורעם,
וואָס הייבט זיך העכער נאָך, אָ, ווי אַ טורעם
אַריבער דיר, אַזוי ווי ס׳איז באַשערט.

אַזוי ווערט ליד די אורגעשטאַלט פֿון חוה,
די ים־שוים אַפּראָדיט ווערט נס אין מירמלשטיין.
איז וויל צו דיר וואָס גלויבסט נאָך אין דער תאווה,

און אַז דאָס ווייבלעכע איז אייביק שיין.
איז וויל צו דיר וואָס מיט דער שאַרף פֿון אייזן,
דאָס וווּנדער אינעם שטיינבילד ווּעסטו ווייזן.

4טער אָקטאָבער, 1943

## אַ דענקמאָל

**אין פּאַרק אַ דענקמאָל פון אַ העלד אַ ריטער.**
**פאַרגליווערט חלומט ער אַזוי, דער היטער.**
**ס׳האָט אויפגעשטעלט זיך אויף צוויי פיס זיין פערד!**

**דער ריטער האַלט אין רעכטער האַנט אַ שווערד.**
**אַמאָל דערבאַרעמט זיך לבנה, גלעט**
**דעם איינזאַמען, דעם רייטער־סילועט.**

## בריוו צו קאַרלאַ

א.

אַ צווייג פון רויטן באוגאנוויל,
אַן אָרכידיי פון שענסטן מין —
דאָס שרייב איך ליבסטע דיר אַ בריוו
פון וואַנדערוועג, פון מעדעלין.

ס׳איז אַלצדינג אייביק דאָ אין גרין,
דער פויגל פליט פון בוים צו בוים,
און איך ווי דער קאָליברי פלי,
אין בענקשאַפט איצט פון טרוים צו טרוים.

איז מיר באַשערט אַ וואָגלער זיין,
זאָלסטו כאָטש זיין מיין רו, און אָרט,
אָ ווו איך מאַך די אויגן צו,
און כ׳שטאַמל אויס דאָס לעצטע וואָרט.

ב.

די בערג אין נעפלען איינגעהילט —
ווי רייטערס אויף די וואָלקנפערד.
נאָר העכער פליט פון זיי די זון,
און לאָזט צוריק מיך אויף דער ערד.

כ׳קוק צו די הויכע בערג אַרויף,
מיין בליק צו זיי מוז פליען ווייט.
איך צייל די זונפאַרגאַנגען דאָרט;
אונדז טיילט פונאַנדער נאָר די צייט.

איך שרייב אַזוי דיר יעדן בריוו,
אויף דעמער און אויף זונפאַרגאַנג.
דער פויגל ברענגט דיין ענטפער מיר,
אין מאָרגנליכט — פאַרטאָג־געזאַנג.

ג.

אַזױפֿיל נעכט צעשײדן אונדז,
און אַלע טעג פֿאַרגײען רױט.
דער האָן קרײט אַנדערש אין דער פֿרעמד.
װען ס'װאַרט פֿרימאָרגן פֿאַרן פֿלױט.

נאָר װײל איז דעם װאָס שרײבט אַ בריװ
צו דיר אין ליכט פֿון יעדן טאָג;
װער ס'האָט ניט ליב דער פֿילט זיך פֿרעמד
אױך אין דער הײם! אָ ליבסטע זאָג:

איז ניט דער װעג פֿון טאָג ביז נאַכט,
די בענקשאַפֿט אין אַ דעמערשעה?
צי קען איך זיך דען פֿילן פֿרעמד,
אַז דו ביסט דאָרט, און דו ביסט דאָ?!

ד.

איך זע אַ ליבסטע דיך אין ליכט,
אַמאָל אין וואָר, אַמאָל אין טרוים.
ווייל יעדע זאַך דערמאַנט אין דיר —
צי ס׳איז אַ צווייג פון מאַנגאָבוים,

אַ ווייסער וואָלקן אויפן באַרג,
צי ס׳איז דער רויטער פויגל דאָרט,
וואָס פליט אַרום אין דזשונגל־וואַלד —
אַנטפּלעקסטו זיך אויף יעדן אָרט.

און אָפטמאָל ווען איך שטיי אַזוי,
אין מיטן פון אַ וועג אַליין,
דאָס דאָרף איז ווייט — דער שליאַך איז פרעמד,
דאַן קומסטו אינעם ליכט צו גיין.

## דאָס וואָרט וואָס פּאַסט פאַר דיר

איך זוך דאָס וואָרט וואָס פּאַסט פאַר דיר,
וואָס זינגט דיך אין דיין גאַנצקייט אויס.
איך קוק אויף דיר — און פיל אין בליק,
די אויגן קוועלן שטיל אַרויס

פון מיר דאָס ניט דערזאָגטע וואָרט,
וואָס איך טראָג אין מיין האַרץ אַרום.
און ווייל איך זוך אַ וואָרט פאַר דיר,
דיין בילד אַנטפּלעקט עס אומעטום,

און מיינע ליפּן בלייבן שטיל —
ווייל עפּעס שוועבט אין ליכטשיין דאָרט.
אַ וויזיע איז עס צי דיין בילד,
וואָס פירט מיך צו דעם קוואַל פון וואָרט?!

## דער גלויביקער

איך גלויב אין דיר ווי כ׳גלויב אין גאָט איצט ווידער.
אין אייביקייט פון אַלץ איך גלויב איצט אויך.
דער טרוים פֿאַרגייט אַמאָל מיט ווינט און רויך,
נאָר דו ביסט וואָר, ביסט ליד פון מיינע לידער.

אַ הויך אַ דינער, בלויער, פון דער הויך,
זאַלבט מיין נשמה, זאַלבט מיין גוף און גלידער.
עס פֿאַלט דער גלויביקער פאַר גאָט אַנידער;
און איך געפין אין דיר מיין גלויבן אויך.

ניט איינמאָל בין איך אין מיין צער אַנטלאָפן,
פון יענעם ליכט, אָ וווּנדער־העל און מילד,
אין פינצטערניש פון זיך אַליין באַשטראָפן.

און ניט דערזען האָב איך דאָס שענסטע בילד,
וואָס גאָט אַנטפּלעקט פאַר אונדז דאָך אומעטום.
דו אָבער טראָגסט עס אין דיין האַרץ אַרום.

## דער דזשונגל רופֿט

ס׳איז ווילדוואַלד דאָ, דער דזשונגל רופֿט,
מיט טויזנט קולות רופֿט ער דאָ.
איך שפּאַן ווי אין אַ ליד אַריין,
ווערט הייליק אַלץ — אַ תּפֿילה־שעה.

און רירט זיך ערגעץ ווו אַ שלאַנג,
איך זע זי ניט, זי זעט מיך יאָ.
איך אָבער שפּאַן אַריין אין וואַלד,
און שלאַנג ווערט מיין באַגלייטער דאָ.

די ווילדע חיה לויערט ווו.
מסתמא הערט זי שוין מיין טראַט.
נאָר אין מיין גאַנג דערפֿילט זי באַלד,
אַז פֿרידן ליגט אין אורוואַלד־סוד.

אַ פֿויגל פֿלוצלונג פֿליט אַדורך,
און חדושט זיך ווער איז דער גר.
איך אָבער שפּאַן און שפּאַן צו דיר,
און דו אַנטפּלעקסט זיך מער און מער.

## די ווילדערניש רוישט

דער וועג צו דיר שפּאַלט ווילדערניש פונאַנדער.
אָ, ווי געדיכט דער אורוואַלד זאָל ניט זיין,
אַלץ דרייסטער שפּאַן איך אין זיין האַרץ אַריין.
אין שאָרך פון יעדן בוים און קוסט אין וואַנדער,

מיר דאַכט, אַז אויך דער ווידערקול איז דיין.
די ווילדערניש רוישט שטילער זיך פונאַנדער.
דער פויגל און דער רויטער סאַלאַמאַנדער,
די טונקלקייט פון וואַלד, דער מינדסטער שיין

פון ליכט וואָס קומט אַמאָל צו גאַסט צו מיר,
זיי זינגען אויס אַז דו ביסט אומעטום.
און אַז עס טוט אַמאָל זיך ווו אַ ריר

אין דער אַנטפּלעקונג צווישן טרוים און וואָר,
אַ צווייג, דאָס מינדסטע גרעזל, צי אַ בלום,
דיין נאָמען רופן הער איך אַזוי קלאָר.

## דער טייך

מיט וויאָלעטע לאָטאָס־בלומען —
ווי ס׳העלע פּנים פון אַ פרומען,

וואָס הייבט זיין בליק אויף פול מיט גלויבן
צום הימל דעם צעבלויטן אויבן.

די פּאַלמען איינזאַמע און שטילע —
פאַרזונקענע אין ליכט און תפילה.

עס וויגן קוים זיך זייערע צווייגן,
און רוישן שטילער נאָך פון שווייגן.

מיין שיפל וויגט זיך אָפּ פון ברעג,
אַדורך אַ לאָטאָס־בלומען־וועג.

איך וויג אַ ליבסטע זיך אַזוי,
דורך רו און ליד — דורך ליכט און בלוי...

צו דיר, צו דיר געליבטע פרוי.

## אין אָנהויב פרימאָרגן

כ׳וועל קומען, נאָך איידער די סאָווע
וועט אויפהערן קלאָגן בו־הו,
און איידער דער שטערן פון מאָרגן
וועט אויפגיין אין הימל ווי דו.

און איידער דער פויגל וועט וועקן
דעם האָן אויפן דאָרפישן פלויט,
און איידער דער קוסט אָלעאַנדער
וועט פאַרבן די דעמערונג רויט.

און איידער דער פאַסטוך פרימאָרגן
וועט גרייטן זיך תפילה צו טון,
און פירן דערנאָך אין די לאָנקעס
די גאָלדענע שעפעלעך זון.

כ׳וועל קומען צו דיר מיין געליבטע,
מיין בענקשאַפט פליט גיך שוין פאָראויס,
אַזוי ווי דאָס ליכט פון פרימאָרגן
וואָס זאָגט אָן אַנטפּלעקונג דיר אויס.

דאָס ליכט וועט זיך גיסן פון אויבן
און זאַלבן דיין בילד אין דער טיר.
און דו מיין באַקרוינטע, געזאַלבטע,
וועסט שיינען דיין צייכן צו מיר.

אין וואַלד וועט די סאָווע אַ בלינדע
שוין לאַנג מער ניט קלאָגן בו־הו.
כ׳וועל שטיין פאַרן אָנהויב פרימאָרגן...
מיין אָנהויב פרימאָרגן ביסטו.

# אין ליכט און אין בלוי

כ׳טו אויס מיינע שווערע און שוואַרצגרויע וואָלקנס,
אַ באָרוועסער בלייב איך אין ליכט און אין בלוי.
און דו מיין געליבטע, אין זונגאָלד־פאַנטאָפל,
אַזוי ווי סע פּאַסט פאַר דער צאַרטעסטער פרוי.

אַנטפלעקן וועל איך איצט די פעלדער אין זומער.
שטעל איך דיך אַרויף אויפן שפּיץ פון אַ שטרוי;
צי קען איצט אַ גאָלדזאַנג צו דיר זיך פאַרגלייכן?
ביסט שלאַנקער און צאַרטער, מיין צאַרטעסטע פרוי!

ס׳איז צייט אַז מיין בליק זאָל שוין שניידן די תבואה,
נאָר ס׳ציטערט אין האַרצן די קאָסע אַזוי.
וועל איך דיך אַצינד אין אַ סאָסנע פאַרוואַנדלען,
אַ הויכע, אַן עדלע — דו צאַרטעסטע פרוי.

נאָר שפּאַן איך דורך וואַלד וועט דער אָסיען באַלד קומען,
ווי ס׳ציטערט די האַק אין מיין האַרץ שוין אַזוי.
דערזע איך דיך ווידער אין וויטקייט פון הימל,
אין בלוי און אין זונגאָלד מיין צאַרטעסטע פרוי.

## דאָס וואָלקן־שעפּעלע

דער פּאַסטוך ווינט פירט אינעם פעלד אַרויס —
אין הימל פירט ער זיינע וואָלקן-לעמער.
און אויפן פייפל כישופט ער אַ זמר,
אַן אומעטיקע דוינע ווײנט ער אויס.

דאָס ליבסטע וואָלקנדל האַלט ער אין שויס,
ער גלעט זיין פעל און קעמט עס מיט אַ קעמער.
אַ וואָלקנדל איז ווי אַ ליד וואָס ביימער
צעזינגען רוישנדיק אויף צווייגן אויס.

אַמאָל, אַזוי הייבט אָן אַן אַלטע מעשׂה,
בעת דער פּאַסטוך האָט די שאָף געשוירן,
האָט זיך דאָס ליבסטע וואָלקנדל פאַרלוירן.

זיי דו מיין ליבע אינעם סוף פון מעשׂה,
דאָס וואָלקן-שעפּעלע וואָס כ׳האָב געפונען,
דאָרט ווו די נעפּלען זענען זיך צערונען.

## אַ פולע לבנה

דו לויפסט מיט אַ פולער לבנה אין האַנט
אַריבער די זילבערנע פעלדער און שליאַכן.
און וואָס דו באַרירסט מיט דעם ליכט פון דיין האַנט

לייכט אויף אַזוי העל ווי פאַרזילבערטע זאַכן.
אַפילו דער שטערן וואָס פאַלט פון דיין האַנט,
מוז אויך זיינע אויגן אין בלינדקייט פאַרמאַכן.

דו ברענגסט מיר אַ פולע לבנה אין האַנט,
און לייגסט פאַר די ווערבעס אַוועק ווי אַ שפיגל,
דאָס טייכל וואָס גיסט זיך אַרויס פון דיין האַנט

ווי ווייַן פון אַ קלאָרן קרישטאָלענעם קריגל.
ס׳איז צוועלף שוין דער זייגער, דאָס ליכט אין דיין האַנט.
ווערט מיטנאַכט — אַ פויגל מיט זילבערנע פליגל.

## ביים קלאַוויר

די ווייסע און די שוואַרצע טרעפּן פירן
צו גאָט, און דו האָסט זיך צו אים דערהויבן.
סע טאַנצן דיינע פינגער נאָר ווי שטויבן,
ווען ס׳קומט די זון, זיי מיט אַ שטראַל באַרירן.

איך קוק אויף דיינע הענט, נאָר דו ביסט אויבן.
כ׳הער דין דעם הימל אונטער דיר וויברירן.
שפּאַנסט אין אַ וואַלד פון טויזנטער קלאַווירן,
ווו טרוימערס קומען בלויע שטערן קלויבן.

אַמאָל אויך שפּרינגען זילבערנע פאַנטאַנען
פון דיינע פינגער ווי פון מיטן טייך,
ווו ס׳באָדן זיך די ווייסע, שוואַרצע שוואַנען,

די ריטערס פונעם וואַסער קיניגרייך,
און ס׳שיינט די זון דורך דיינע וואַסעראויגן
און ווערט פאַרגליוורט אין אַ רעגנבויגן.

## אין ליכט אַזוי ווייס

דער פויגל דער בלויער וואָס פליט מיר פאָראויס,
און טראָגט אַזאַ גאָלדענע זון אין זיין שנאָבל,
צעגיסט איבער פעלדער דאָס ליכט אין אַ מבול.
אַזוי רופט דער הימל דיין נאָמען איצט אויס,

און טוט זיך אַלץ העלער פאַר דיר אַ פאַרנויג.
איז וואָס׳זשע קען איך צו דעם וואונדער איצט זאָגן,
אַז דו שטייסט פאַר מיר אין דעם צייכן פון טאָגן,
אין ליכט אַזוי ווייס — ווי דאָס ווייסל פון אויג.

# די בלויע טאָגטויב

איך שיק אַרויס צו דיר די בלויע טאָגטויב.
זי פלאַטערט שוין, דערהייבט זיך אין קאַיאָר,
און וואָרקעט אויס דעם הימל ליכטיק, קלאָר.
איך הייס איר פליען איצט צו דיר אין אָנהויב.

די ווייעס דיינע נאַס פון טוי, און זונשטויב
פאַלט שוין אַרויף אויף דיינע לאַנגע האָר.
פרימאָרגן. ס׳ווערט די ערד אַצינד געוואָר,
אַז דו אַנטפּלעקסט זיך אינעם ליכט פון אָנהויב.

און איידער זון וועט רוען אין דער מיט
פון הימל, און וועט ווייט אין וועג פון מערב
זיך לאָזן פליען, ווי דער דעמער פליט

צום באַרג אַהין אין וויאָלעטן ערב...
זאָלסטו איצט וויסן, אַז אין ליכט פון טאָגן,
איך וויל דיר ליבסטע שטיל אַ בשורה זאָגן.

## וועלדער ברענען

אין דיינע אויגן הייבט שוין אָן צו ברענען
דער וואַלד. דער סוף פון די סעפּטעמבער־טעג
צעוואַרפט די גאָלדענע פונקען אויפן וועג.
צי וועלן מיר אַצינדער אויך דערקענען

ווי אינעם ליכט פון וועלדער־ברענען
— ווען ס׳ציטערט יעדער בוים פאַר האַק און זעג
די חיה פאַר די שעהן פון געיעג —
צעפלאַקערט אויך די מורא זיך: מיר זענען

אפילו ניט צו אונדזער שעה דערגאנגען.
איך בין דער וואַלד, און דו די צייט. דו פאַרבסט
מיט דיינע ליפּן פּורפּור־זונפאַרגאַנגען

אויף מיינעביימער, און דו רופסט עס האַרבסט.
דו ביסט דאָס פייער וואָס האָט מיך צעברענט.
און איך דער וואַלד קוש דיינע פלאַמען־הענט.

## ביים ברעג פון האָדסן

ביים ברעג פון האָדסן, ווערבעס אָן אַ צאָל.
נאָר ס׳גרינעון אויף די צווייגן ניט קיין בלעטער,
די ווערבעס — סלופּעס אינעם האַפן, ברעטער,
און דראָטן שפּיציקע פון גרויען שטאָל.

נאָר פישערס שטייען דאָ ווי אַלעמאָל,
חלומות בלויע פאַנגענדיק פאַר שפּעטער.
דער טאָג פאַרגייט אויך דאָ אַלץ וויאָלעטער,
און רויט פאַרגייט די זון אין האָדסן־טאָל.

ביינאַכט, ווען אַלע ליכטער אינעם האַפן —
ווי שטערן, אָדער פיש פון גאָלד אין טייך,
צעגליען זיך אַזוי, ווי ערשט באַשאַפן,

אָ, דעמאָלט קום מיט מיר, דו ליבסטע קום,
צום האָדסן וווּ די אייזן־ווערבעס ווערן
פאַרכישופטע. דאָס ליכט נעמט דיך אַרום.

# אין וואַלד

עס האָט גערופֿן אונדז דער קוקוויי.
האָב איך אַנטפּלעקט אַ בוים און נאָך אַ בוים —
אַ וואַלד — און נאָר געלאָזט אַזויפֿיל רוים,
אַז ס׳זאָל דער וועוורעק דאָרטן צווישן זיי.

דורךביימער אונדז פֿאַרוויגן מיט אַ דריי
פֿון ברייטן עק, ווי אין אַ בלויען וואַלד פֿון טרוים.
און אויב עס האָט זיך ווו אַמאָל אַ בוים
געשטעלט אַנטקעגן אונדז אין וועג — מיט ווי

האָט אויסגערופֿן קוקוויי, און באַלד
דערמאָנט אונדז מיט זיין קוקו־קוקו ניגון,
אין אַלע צווייפֿל פֿון אַ טיפֿן וואַלד.

נאָר דו האָסט אין דיין האַרץ געהאַט בטחון,
און זיך געלאָזט מיט מיר פֿון וועוורעק וויגן,
פֿון צווייג צו צווייג אין ליבע און נצחון.

## אין שכנות מיטן אָדלער

אין פעלדזן־טאָל פון בערג אין אַמעטיסט,
אַ שטראָם — אַ לאַנגע דינע שלאַנג אין מיטן,
וואָס האָט אַ וועג זיך דורכן שטיין געשניטן,
און שוימט און רוישט אַ ניגון, און צעגיסט

דאָס ליד אַריבער קאַלעכשטיין, גראַניטן.
די ווילדערניש — האַלב אורוואַלד, האַלב פּאַרוויסט;
אַ פויגל ווי אַ פייל פון בויגן, שיסט
אַראָפּ און יאָגט זיך נאָך אַ צווייטן און אַ דריטן.

אין שכנות מיטן אָדלער, הערש און שלאַנג,
אין ווילדערניש פון פעלדזן־בערג און שטראָם,
הערסטו דעם שטורעם רוישן זיין געזאַנג,

ווי ס׳וואָלט זיך אויפגעוועקט איצט דער תהום.
נאָר ערגעץ שוועבט דיין ווייסער בליק אַרום,
ווערט אַלצדינג שטיל אין פרידן אומעטום.

## זאָל עס פליען מיטן פויגל

וואָס דו זאָגסט און וואָס וועסט זאָגן,
בלייבט עס אַלץ נאָך ניט דערזאָגט.
אָ, איך ווייס איך ווייס מיין ליבסטע.
ווי דאָס ניט־דערזאָגטע פּלאָגט.

קוק אַרויף, אַרויף צום הימל,
זאָל דאָרט אויבן זיין דער אָרט.
וואַרף אַרויף מיט דיינע אויגן,
אָ, דאָס ניט־דערזאָגטע וואָרט.

און דער הימל יענער פויגל,
אייביק פליענדיק אַזוי,
וועט עס אין זיין ליד מיר זינגען,
און אַנטפּלעקן ליכטיק בלוי.

צי אַפילו אין די וואָלקנס,
ווען דער גרויער פויגל וויינט,
וועל איך אינעם ליד פון רעגן,
פילן וואָס עס האָט געמיינט.

וועט דער פויגל קעגן אָוונט
זינגען מיטן זונפאַרגאַנג,
וועל איך אויף די רויטע פליגל
זען דאָס וואָרט, און קוקן לאַנג.

וועט דער פויגל זיינע פליגל
שוואַרץ צעשפּרייטן איבער מיר,
וועל איך זוכן אין דער פינצטער
ס׳וואָרט אין אַלע עקן פיר.

וועט דער פויגל עס מיט שטערן
זינגען, און לבנהשיין,
וועל איך הערן עס, און ווערן
שיכּער ווי פון זילבערוויין.

ווען דער פֿויגל אין פֿרימאָרגן
זינגען אויפֿן הויכן פּלויט,
ווען דאָס וואָרט אין ליכט און דעמער
פֿאַרבן אַלץ מיט מאָרגנרויט.

וואָס דו זאָגסט און וואָס וועסט זאָגן,
בלייבט עס אַלץ נאָך ניט דערזאָגט.
אָ, איך ווייס איך ווייס מיין ליבסטע
ווי דאָס ניט דערזאָגטע פּלאָגט.

זאָג דאָס וואָרט מיט דיינע אויגן
יענעם בלויען פֿויגל אויס.
זאָל עס פֿליען מיטן פֿויגל,
אין דער ווייטער וועלט אַרויס.

## אָוונט־סאָנעט

איך האָב אַרויסגעלאָזט פון דעמער־טורעם,
באַפרייט די טונקל־בלויע פלעדערמויז.
די פייער־פליגעלעך פון הימל בלויז,
פאַרדימענטן ווען איך שטרעק אויס מיין אָרעם,

די סאַמעטענע חופּה אונדזער הויז.
אַקעגן מזרח, מערב, צפון, דרום,
שטיי איך פאַר דיר און בענטש דעם אָוונט, פורעם
פון דעם לבנהליכט אַ ווייסע רויז.

קום לאָמיר ביידע, זי דער מיטנאַכט שענקען,
ווען זי וועט קומען אונדז אַנטקעגן, דאָרט
ווו ס׳גיסן זיך צונויף אָ די וואָס בענקען.

ביים טייך אַרום מיט ווערבעס, צווישן זיי,
וועט זיין פאַר אונדז אַן אויסדערוויילטער אָרט.
מיר וועלן דאָרטן ווערן ווערבעס צוויי.

## צײַט פֿון יאַסמין

געקומען איז די צײַט שוין פֿון יאַסמין —
אַנטפּלעק זי װײַס װי שנײ אויף יעדן קוסט.
דער גאָרטן ציטערט שוין אין אונדזער ברוסט.
דאָס װײַס פֿון דײַנע אויגן מיטן גרין

פֿון אַלע צװײַגן — שנירלעך פּערל, דין.
אַ הויך פֿאַרשיכערט אַלצדינג, װײַל דו טוסט
צעאָטעמען אַ בשמים־ריח. ס׳גלוסט
זיך לאָזן שפּאַנען האַנט אין האַנט אַהין

װוּ אַ געצעלט שטײט ערגעץ אויפֿגעשטעלט
פֿאַר דיר און מיר, װוּ אַלץ איז רו, און יעדער שליאַך
פֿירט צו דעם האַרץ פֿון אונדזער װײַטער װעלט.

און װוּ דער הימל שטײט אויף בלויער װאַך.
װוּ יעדע מינדסטע זאַך האָט שוין אַ זין.
געקומען איז די צײַט שוין פֿון יאַסמין.

## ווי אַ קרוין

אָ ליבסטע! די איינזאַמקייט האָט מיך דערהויבן.
איך פיל אַז איך טראָג יענע צייט ווי אַ קרוין.
מיין קיניגרייך אפשר איז ווייט, נאָך אין חלום,
די הענט דיינע אָבער זיי זאַלבן מיך שוין.

אַמאָל איז די איינזאַמקייט גרוי ווי אַ כמאַרע.
אַמאָל אַ פאַרשאָלטענער וואָרעם וואָס קריכט.
אַמאָל איז די איינזאַמקייט אָבער אַ צייכן
אַז דו וועסט דערהויבן צו גאָט און צו ליכט.

איך טראָג איצט די איינזאַמקייט ניט ווי א צלם,
די דערנער אַרום, אָ פאַרוואַנדלען זיך שוין.
אַפילו די צייט פון פאַרגיין זאָל מיך רופן,
כ׳וועל פילן דיין זאַלבונג און טראָגן די קרוין.

## אַ חלום־רגע

און אַז דער עפּלבוים אין אונדזער גאָרטן,
ווערט רויטער, שווערער,
ווי ס׳ווערט דער זון — און טאָגפּאַרגאַנג
אַלץ פּורפּורדיקער
אין וייטן הימל דאָרטן,
און ס׳שמעקן עפּל פונעם צווייג אַראָפּ,
צעפלאַקערטע ווי שטערן רויט —
קומט האַרבסט
און אָטעמט אויס פּאַרגיין —
פאַלט אויך אין אונדזער האַרץ
אַמאָל אַראָפּ פון צווייג
אַ חלום־רגע טויט.

די עפּל פאַלן,
און אויך די שטילסטע רגע פאַלט.
נאָר צייטלאָז איז דער צוויט
אין בלוט פון בוים.
און צייטלאָז איז די ליבע
וואָס הילט איין די געשטאַלט
ווי מיט אַ שלייער ליכט און קוים.

די רויטע עפּל אָבער
וואָס פֿאַלן גאָט אַרויס פֿון האַנט,
און דאָס סעפּטעמבער־גאָלד,
די שריפֿות אין אָקטאָבער
זיי האָבן מיך אין אַלטן ליד דערמאַנט,
אַז וואָס פֿאַרגייט
דאָס מוז פֿאַרגיין —
די ליבע אָבער און דער טרוים,
זיי בלייבן צייטלאָז ווי דער צווייט פֿון בוים.

## דער אָרט זאָל דאָ זײַן

דער אָרט זאָל דאָ זײַן,
די שעה אַצינד ווען איך פֿאַרצײַכן
מיט ליכט אין בליק,
אויף בלויען פֿאַרמעט פֿון די הייכן.

וואָס זוכט דער גאַסט דער אײביקער אַרום?:

בײַם קוואַל אין וואַלד... דײַן רו;
די ליבע... אין אַנטפּלעקונג פֿון אַ בוים
וואָס גראָבט די וואָרצלען טיפֿער אין דער ערד אַרײַן,
און האַלט מיט זײַנע דינסטע צווײַגן־הענט
די שטורעמס פֿון דער צײַט אין צוים;

אין האַרבסט פֿון וואַלד,
ווען פֿײַערדיק און רויטער פֿון צינאָבער,
ווערט פֿולער צײַטיקער דאָס יאָר,
אין פֿיבער, אין די פֿלאַמען פֿון אָקטאָבער...
דעם גליענדיקן שײַן פֿון דײַנע האָר;

אין מאָרגן־דעמער אַזוי ווייס און וווּנדערלעך,
ווען ס׳ווערט דער גרויער שטויב אויף מײַנע שיד
פֿאַרוואַנדלט, אָ, אין טויזנט טראָפּנס טוי...
אָפּאַלן וואָס איך קלויב צונויף
פֿאַר דיר געליבטע פֿרוי;

דאָ זאָל דער אָרט זײַן,
אַצינד די שעה ווען איך פֿאַרצייכן
מיט ליכט אין בליק,
אויף בלויען פֿאַרמעט פֿון די הייכן.

דער גאַסט דער אייביקער אין מיר האָט רו,
געליבטע מײַנע, דו!

# ווי די הירשן

בלויז מיינע שטילע טריט אין וואַלד.
די הירשן איינגעהילט אין מורא,
דערציטערטע.
זיי בלייבן שטיין,
נאָר זייערע חושים האָרכן.
און מיטאַמאָל
ווערט יעדער הירש — אַ פליענדיקער ווינט,
דערפילנדיק אין פחד באַלד,
אין ציטער פונעם גראָז,
אין רוישן פון אַ צווייג,
דעם זין פון אַלע שאָרכן.

די בליקן דיינע, אָ מיין ליבסטע,
צעלויפן ווי די הירשן זיך;
און אפשר נאָר דערפאַר
ווייל כ׳רוף דיין חלום אָן ביים נאָמען,
ווערסטו דערציטערט אַזוי גיך.
כאָטש יעדער שאָרך אין וואַלד
איז בלויז אַ ווידערקול פון האַרץ.
און אפשר קלינגט אין מורא פון דיין בליק,
דער עכאָ פון דיין ליבע;
דער שטילער ענטפער
אמן.

# אין מיטן וועג

איך שטיי אין מיטן וועג, ווו דורות
געזעגענען זיך מידע אין פֿאַרגיין.
באַגלייט איך זיי מיט אומעט אין די אויגן,
און בלייב אַזוי אַליין.

אין מיטן וועג שטיי איך און חלום —
אַ קול וועט באַלד מסתם צו מיר דערגיין.
אַ נייער דור גייט שטום פֿאַרביי, אַ פֿרעמדער
בלייב איך אַליין.

ווי פֿון אַן אַנדערער וועלט קומסטו צו גיין.
דיין בליק איז צייטלאָז און דיין האַרץ איז ריין.
איך שטיי אין מיטן וועג דערציטערט;
צי וועסטו בלייבן שטיין?

## דער באַפרייער

ס׳האָט משה דעם ים מיט אַ שטעקן געשפּאָלטן.
אָ, כוח האַלט ימים אַפילו אין צוים.
נאָר איך וועל די כוואַליעס צעשפּאַלטן מיט בענקשאַפט,
און קומען צו דיר, און אַנטפּלעקן זיך, קוים.

אין אויפּבלי פון חלום צו דיר וועל איך קומען.
דערליייזונג איז דאָרט ווו ס׳איז ליבע פאַראַן.
כ׳וועל זיין דער באַפרייער און אויך דער באַפרייטער,
און דו מיין געליבטע — מיין ליכטיק כנען.

## קומט שטיל די שעה

קומט שטיל די שעה, מוז זיך די זון אויף צוויי צעשפּאַלטן.
אַ האַלבע צאַנקט זי פֿייערדיק פֿון ווייט אַרויס,
די צווייטע העלפֿט האָט זי שוין הינטער בערג באַהאַלטן.

עס פֿאַלט אַזוי און הייבט זיך אויף טאָג איין טאָג אויס
דאָס ליכט. מיר זענען אייביק עדות פֿון פֿאַרגאַנג.
צי הייבט ניט אונדזער טויט שוין אָן אין מוטערס שויס?

איז קורץ די רגע זאָל כאָטש זיין דער חלום לאַנג.
נעם אָן די פֿרייד אין אירע טויזנטער געשטאַלטן.
ווייל אַלץ פֿאַרגייט און גייט אויף ווידער מיט געזאַנג.

#ביים שיידוועג

דער צער איז דאָך אַ קול וואָס וועט פאַרשטומען,
אויב דו וועסט נאָר דערפילן דעם באַדייט
פון גלויבן; — יענער ליכטשיין וואָס באַפרייט,
דער קוואַל וואָס וועט דערקוויקן דיר דעם גומען.

צי איז דען ניט די שעה אַצינד געקומען?
זע אַלץ וואָס האָט געדוכט זיך אַזוי ווייט —
אַ בליענדיקער שטערן אין דער צייט —
ווי ס'האָט זיין ליכט דיך שוין אַרום־גענומען.

ביים שיידוועג הימל־ערד שטיי איך און וואַרט.
אין האַנט דעם בלויען כישוף־שטעקן גלויבן,
און אין דער צוויטער די לבנה צאַרט.

דעם הימל הייס איך אַלע שטערן קלויבן,
מיט ליכט פאַרדעקן יעדן מינדסטן פלעק.
ביז וואַנען ס'וועט דיין מינדסטער צער אַוועק.

## אַמאָל וועט אַלץ פאַרגיין

דאָס גאָלד פון הימל האָב איך זיי געשענקט.
באַהאַלטן האָט מען עס אין טונקלע היילן,
און ניט געקאָנט, עס צווישן זיך צעטיילן.
די צייכנס האָט די צייט דערנאָך פאַרשווענקט.

אַמאָל — אַזוי וועט מען אַמאָל דערציילן —
האָט עמעץ זיך נאָך יענעם ליכט פאַרבענקט,
געוואָגלט און געזוכט, און ניט געדענקט
ווו ס'איז דער אַנהויב וועג צו יענע היילן.

דאָס ליכט, אָ ליבסטע, איז מיין סוף געוואָרן.
צי הערסטו ווי עס זינגט אַרויס פון מיר,
אַזוי ווי ס'זינגט פון פעלד אַרויס דער קאָרן?

אַמאָל וועט אַלץ פאַרגיין. — וועל איך אין שטאַרבן
נאָך איינמאָל זיך אַנטפלעקן, שטיל, פאַר דיר,
און מיטן ווינט אַוועק דעם האַרבסטיק־האַרבן.

## איבערזעצונגען

**שאַרל באָדלער:** דער פריילעכער טויטער,
אַ נבלה,
צו אַ רויטהאָריקער בעטלערין
**עדגאַר עלן פאָ:** דער ראָב

# דער פריילעכער טויטער
(LE MORT JOYEUX)

די ערד זאָל פעט און פול מיט שנעקעס זיין,
וווּ איך וועל זיך אַ טיפן קבר גראָבן,
און מיינע אַלטע ביינער דאָרט אַריין
וועל וואַרפן, כ׳זאָל שוין רו, דערקוויקונג האָבן.

כ׳האָב טעסטאַמענט און אויך מצבות פיינט;
פאַרגיסן זאָל אויך ניט די וועלט קיין טרערן.
וואָראָנעס זאָלן זיין די געסט און פריינט,
זיי וועל איך מיט מיין פלייש און ביין דערנערן.

אָ ווערעם! פריינט אָן אויערן, אָן אויגן,
ס׳קומט פריילעך פריילעך זיך אַ מת פאַר טויט פאַרנויגן!
און איר וואָס זענט איבער צעפוילונג האַר,

צעפרעסט דאָס לעצטע פון מיין פלייש אָן זאָרגן,
און זאָגט מיר נאָר, איך בעט, צי ליגט פאַרבאָרגן
אין טויטן גוף נאָך עפּעס פון מיין צער?

# א נבלה
(UNE CHAROGNE)

דערמאַנסטו זיך געליבטע יענעם זומער־מאָרגן,
וואָס דעמאָלט מיר דערזען?
געלעגן איזביים ברעג פון וועג, און שלעכט פאַרבאָרגן,
אַ מת אויף זאַמד און שטיין.

די פיס צעשטרעקט אַזוי, נאָר ווי ביי גאַסנפרויען,
פול סם צעקאָכטער בלויז,
און ניט געשעמט זיך ווי ס׳איז פון דעם לייב דעם גרויען,
אַזאַ געשטאַנק אַרויס.

די זון האָט הייס געבראָטן דאָס פאַרפוילטע לעבן,
ווי ז׳וואָלט צעקאָכט עס גאָר,
און אויך צעטיילט אָט דאָס, וואָס ס׳האָט אַרויסגעגעבן.
אַלס גאנצקייט די נאַטור.

עס האָט אַראָפּגעקוקט אויף דעם דער מילדער הימל,
ווי אויף אַ בלום אַזוי.
אָ, ווי ס׳האָט דיך געשווידערט פון געשטאַנק און שימל,
פון ריחות פויל און רוי.

די פליגן זענען זשומענדיק אַרומגעפלויגן,
אַ כמאַרע טונקל שוואַרץ.
און ווערעם פול, נאָר ווי אַ ים פאַר אונדזערע אויגן,
אויף גוף און אויפן האַרץ.

און ווילד געקוועלט אַזוי, געשוימט און זיך געהויבן,
אַ כוואַליקער אָקעאַן.
סע דאַכט זיך ס׳האָט דער טויט ניט אַלץ געקאָנט באַרויבן,
ס׳איז לעבן נאָך פאַראַן.

אַ, סאַראַ געטלעכע מוזיק ס׳האָט זאַנפט צו אונדז וויברירט,
וויּ ווינט און וואַסער זינגט,
ווי קאָרן וויגנדיק זיך ריטמיש אין א זיפּ, באַרירט
פון פויערס האַנט און קלינגט.

די פאָרמען שוין פאַרלאָשן ווי לעגענדעס, טרוימען,
ווי ניט פאַרענדיקט, מיד;
וואָס האַלב פאַרווישט, מוז ערשט דער קינסטלער אַלץ דערטרוימען,
און מייסטערן אין ליד.

אַ צויג האָט אומרואיק געגאַרט שוין צווישן שטיינער,
און ס׳האָט איר בייזער בליק,
געטראָפן אונדז, געוואַרט צו רייסן פון די ביינער,
און פון דעם לעצטן שטיק.

אַזוי וועסטו אַמאָל אין שטויבן אויסגעצויגן,
און ווי דער מיסט דאָ, ווערן,
אָ, זון מיין איינציקע! אָ, ליכט פון מיינע אויגן!
אָ, תאווה׳ס העלסטער שטערן.

אַזוי וועסטו מיין קיניגין, נאָך לעצטער זאַלבונג,
פאַרגיין אין שטויב, און ס׳וועט
דיין גוף זיך אונטער גראָז צעפאַלן, אין צעפוילונג,
ס׳וועט שימלען דיין סקעלעט.

און ווען דער וואָרעם וועט מיט קושן דיך צענאָגן,
דערצייל אים שטילערהייט,
ווי ס׳האָט דער סוד פון „זיין״ דערהויבן מיך; זאָלסט קלאָגן
פון ליבע וואָס פאַרגייט.

## צו אַ רויטהאָריקער בעטלערין
(A UNE MENDIANTE ROUSSE)

בלייכע דו מיט רויטע האָר,
אָרעמקייט און עלנט גאָר,
קוקן פון דיין קלייד אַרויס —
ס'איז דיין ווייסע שיינקייט בלויז.

כאָטש מיט שפּרענקעלעך אַ סך,
פול דיין קערפּער, אָבער רייך —
קאָנסטו זיסקייטן פאַרשענקען
דיכטערס אָרעמע וואָס בענקען.

גייסט אַ שטאָלצע דו וווהין,
צירן ניט די קיניגין
אַזוי שיין די זיידענע שיך,
ווי די האָלץ-פּאַנטאָפל דיך.

ניט אין שמאַטעס עלנטיק,
נאָר אין קליידער יום-טובדיק,
דאַרפסט אַן איינגעהילטע זיין,
איידל, האָלד — גראַציעז און פיין.

זאָקן אַלטע זענען מיאוס.
אָ, פּאַר דיינע שלאַנקע פיס:
ווי אויף אַ שווערד פון סאַמע גאָלד.
קוקן זאָל, אָ יעדער יאָלד.

און דיין שאַל וואָס עפנט זיך,
זאָל אנטפּלעקן יענעם גיך:
ברוסטן גאָלדענע אַ פּאָר.
ווי צוויי העלע אויגן קלאָר.

דיינע הענט וואָס זענען גרייט
אויסטון שטיל פון זיך דאָס קלייד -
אָבער לייכטן ווידערשטאַנד,
נאָר דער אמת דרייסטער האַנט.

די פּאַרליבטע דיינע, וועלן
פּערל ברענגען דיר און קרעלן,
אַלע קלאָר און פּעלערלאָז,
ווי סאָנעטן פון בעלאָ.

ס׳וועלן דיכטערס קיינמאָל מיד
ווערן, דיך אין זייער ליד
צו באַזינגען, און דיין שריט —
אויף די טרעפּ דיין לייכטן טריט.

ווי פאַרכישופט פון דיין בליק,
זאָל ער שטיין און וואַרטנדיק,
דיין געליבטער שטאָלצער העלד.
יעדע נאַכט פאַר דיין געצעלט.

דיין געלעגער זאָל צעגליען
קושן מער ווי ליליען בליען.
אַ וואַלאַא זאָל פאַר דיין טיר,
קניען ווי אַ קנעכט פאַר דיר.

בעטלענדיק, אַ, קינד פון נויט,
זוכסטו דיר דיין שטיקל ברויט,
אין דעם מיסט אין יעדער עק,
וואָס מען וואַרפט אַמאָל אַוועק.

אָ, די קרעלן אַן אנטיק,
ניין און צוואנציק סאו אַ שטיק,
אָ, דיין בליק ווי הייס ער בענקט,
וואָלט נאָר איך זיי דיר געשענקט.

ניין, ס׳דאַרף גאָרניט דיך פאַרציִרן,
ניט קיין פערל, ניט סאַפּירן.
בלייבסט מיין שיינקייט, אַמעטיסט,
שלאַנק און נאַקעט ווי דו ביסט.

## דער ראַב

איינמאָל אין אַ מיטנאַכט גרויער, מידערהייט, אין טריבן טרויער,
איבער בענד, אַ ווונדערלעכע פון אַמאָל, איך זיץ און קלער —
שלאָף האָט מיך אַזוי געמאַטערט, פלוצלונג שטילערהייט עס קלאַפּערט,
עפּעס דאַכט זיך פליט און פלאַטערט, ס׳פלאַטערט ביי דער טיר איך הער.
„אַ, אַ גאַסט מסתם״, האָב איך געמורמלט, „ביי דער טיר איז ווער:
נאָר אַ גאַסט און קיינער מער!״

איך געדענק נאָך ווי אין צימער, אין דעם פּראָסטיקן דעצעמבער,
ס׳האָט געצאַנקט דער פייער־שימער אויפן דיל, געשדימט זער.
כ׳האָב געבענקט שוין נאָך אוראָרא׳ן, ווייל אויס ווייטיק נאָך לענאָראן,
צו די ביכער גאָר אַנטלויפן איז געווען פאַר מיר צו שווער.
אַ, מלאכים נאָר באַזינגען איצט איר נאָמען, אָבער דער:
קלינגען וועט דאָ קיינמאָל מער.

ס׳האָט די זייד געראוישט אומזיכער, פון די פורפור פאָרהאַנג־טיכער,
אומעטיק דורך מיר אַ מרה־שחורה ווי נאָך קיינמאָל שווער;
נאָר מיין מורא צו פאַריאָגן, רעד איך איין מיר, פרוון מיר זאָגן:
„אָן אַ ספק איז אַ גאַסט דאָרט, נאָר אַריין איז זיין באַגער,
אַ פאַרשפּעטיקטער, אַ גאַסט קומט, נאָר אַריין איז זיין באַגער;
אַ באַזוך און גאָרניט מער.״

ווי נאָר כ׳בין צו זיך געקומען, האָב איך פלוצלונג מוט באַקומען:
„זייט מיר מוחל ליבע דאַמע, אָדער איר, מיין ליבער הער!
איר האָט שטיל די טיר געטראָפן, בעת איך בין שוין האַלב געשלאָפן,
ווי אַ טרוים איז דאָס פאַרלאָפן, גאָרניט ווי אַ קלאַפּ צי שטער,
קוים געהערט אייך האָב איך ווייט די טיר געעפנט״, אָבער ווער: —
פינצטערניש און גאָרניט מער.

טונקלקייט טיף דורכגעבויערט, האָט מיין חידוש נאָך געדויערט,
כ׳האָב געצווייפלט און געחלומט, טרוים ווי קיינמאָל ביז אַהער.
נאָר די רו איז רו געבליבן, שטילקייט ניט קיין שאָרך געגעבן:
כ׳האָב איין איינציק וואָרט געשעפּטשעט, נאָר איין וואָרט „לענאָר!״
ניט מער —
האָט אַ ווידערקול געענטפערט, אָ, דאָס וואָרט „לענאָר!״ ניט מער,
דאָס אַליין און גאָרניט מער.

ווי נאָר כ׳בין אין צימער ווידער, מיין נשמה ברענט אין פיבער,
האָט עס שפּעטער זיך געדאַכט מיר, שטאַרקער קלאַפּן אַז איך הער.
זיכער האָב איך מיר געזאָגט איז עפּעס ביי די פענצטער־גראַטעס —
לאָז דערפאַר מיך זען וואָס דאָרט איז, און דעם סוד טון אַ דערקלער;
זאָל מיין האַרץ זיין שטיל אַ רגע און דעם סוד טון אַ דערקלער:
ס׳איז דער ווינט און גאָרניט מער.

כ׳האָב געעפנט לאָדן־ריגל, מיט אַ פלאַטער פון די פליגל,
קומט אַ ראָב אַריין א שטאָלצער, אַלט און הייליק ווי אַמאָל,
ניט דעם מינדסטן גרוס, אַ שטילער; זיך ניט אומגעקוקט אפילו;
גדלותדיק נאָר גלייך צור טיר, ווי ס׳איז געשטאַנען דאָרט פון פריר,
איבער איר אַ ביוסט פון פּאַלאַס, זיך אַרויפגעזעצט ניט מער:
זיצנדיק און גאָרניט מער.

כאָטש מיין אומעט שמייכלען ביטער, נאָר אַ דאַנק דעם ראָב דעם ריטער
מיט זיין פייערלעכן גאַנג, בכבודיק און ערנסט זער. —
„אמת ביסט פון פויגל־יחוס — זאָג מיר נאָר סאַראַ שליחות
דו האָסט פחדיקער ראָב פון דער גיהנום־נאַכט אַהער!״
„און דיין שטאָלצן נאָמען זאָג מיר, ווי סע רופט דיך דאָרטן ווער!״
ענטפערט ראָב מיר „קיינמאָל מער״.

װונדערלעך געװען פון װאַנען, מאָדנער פֿױגל האָט פֿאַרשטאַנען
אַזױ ענטפֿערן, כאָטש ס׳האָט דער מײַן געהאַט קײן זין ניט מער;
װאָס מיר זאָלן שױן ניט קלערן, קען עס קײן מענטש ניט באַשערן,
אַזאַ פֿױגל זען דאָרט אױבן, אױפֿן ביוסט איבער דער טיר,
אַזאַ פֿױגל צי גאָר חיה — נאָך דערצו אַ שפּאַסיקער,
מיטן נאָמען „קײנמאָל מער״.

נאָר אַן אײנזאַמער געזעסן, איז דער ראָב און ניט פֿאַרגעסן,
װאָרט דאָס אײנע, װאָס אױף דער נשמה לײגט זיך אַזױ שװער;
װײַטער גאָרניט האָט גערעדט ער, און אַ פֿעדער ניט באַװעגט מער,
האָב איך זיך געטרײסט: „עס האָבן אַנדערע שױן פֿאַרלאָזט מיך פֿריִער;
װעט ער מאָרגן אױכעט — װי מײַן האָפֿענונג אַװעק פֿון מיר.״
ענטפֿערט פֿױגל „קײנמאָל מער״.

אַזאַ פּאַסיק וואָרט צו הערן, וואָס קען מיך אין שווייגן שטערן,
„זיכערלעך", האָב איך געטראַכט, „ווייסט ער אַחוץ דעם גאָרניט מער;
אויסגעלערנט ביי אַ מייסטער, ווען די שלימזל־גייסטער
האָבן אויך מסתּם אַלץ דרייסטער, נאָכגעיאָגט, געמוטשעט זער,
ביז אַ וואָרט געפונען, נאָך אַ האָפענונג פאַרלוירענער,
אַזאַ קיינמאָל — קיינמאָל מער".

ווידער זיך צעשמייכלען ביטער, אַלץ דער שוואַרצער ראָב דער ריטער,
אויף אַ קישעלע געזעצט זיך, גלייך אונטער דעם ביוסט און טיר:
אויפן סאַמעט ווייך געלעגן האָב איך אָנגעהויבן פרעגן
זיך אַליין, מחשבות וועגן, וואָס דער ראָב מיינט אומגעפער,
וואָס דער בייזער, אומגעלומפערט, דארער, מיאוסער פויגל דער,
מיינט ביים קראַקען: „קיינמאָל מער".

אַזוי זיצנדיק און ראָטן, האָב איך ניט קיין זילב פאַראָטן,
ס׳האָבן פויגלס פייערבליקן מיר דאָס האַרץ צעברענט נאָך מער;
אָט אַזוי אַלץ מער פאַרזונקען, אין חלומות טיף פאַרזונקען,
סאַמעט־קישעלע צוקאָפּנס פון דעם ליכט באַלויכטן זער.
וויאָלעטן סאַמעט־קישן וועלכעס זי וועט קיינמאָל מער
טוליען צו זיך, קיינמאָל מער!

פלוצלונג אַזאַ בשמים־ריח נידערט פון דער טונקלער הייך,
און מלאכים טאַנצנדיקע וויגן זיך אַהין, אַהער.
„נאַר״, האָב איך געשריגן, „איצטער קאָנסטו ווידער האָפן,
גאָט וויל שוין דיין ווייטיק סופן — דיינע ליידן נאָך לענאָר!
שיקט דערלייזער איצט מלאכים, נאָר לענאָר דערמאָן ניט מער!״
ענטפערט ראָב מיר „קיינמאָל מער״.

„נביא!״ רוף איך, „אָדער בייזער! שטן דו אָדער דערלייזער!
האָט א רוח געשיקט צו מיר דיך, אַ פאַרזעעניש אַהער,
דו פאַרלאָזענער, געיאָגטער, איינזאַמער, אָ דו געפּלאָגטער,
אין שלימזל־הויז געיאָגטער, ערלעך זאָג ווי איך באגער:
וועל איך דאָרטן טרייסט געפינען? ערלעך זאָג ווי איך באַגער!״
ענטפערט ראָב מיר „קיינמאָל מער״.

„נביא!״ רוף איך, „אָדער בייזער! שטן דו אָדער דערלייזער!
ביי דעם גאָט וואָס מיר פאַרערן, ביי דעם הימלבויגן כ׳שווער,
וועט זיך קיינמאָל מער צעשיידן מיין נשמה אין גן־עדן,
אָ, זיך קיינמאַל מער צעשיידן, פון לענאָר געהייליקטער
פון לענאָר דער שטראַלנדיקער, וווּנדערלעך געהייליקטער!
ענטפערט ראָב מיר „קיינמאָל מער.״

„טראָג זיך אָפּ גיהנומדיקער!" כ'האָב געוואָרנט שרייענדיקער;
„צו די שאָטנס פון גיהנום, טראָג זיך אָפּ דו טונקלער גער!
לאָז אַ פעדער ניט אפילו, פון פאַרשאָלטן שוואַרצער קרילע!
און לאָז ווידער זיין מיך איינזאַם, ריר דעם פּאַלאַס ביוסט ניט מער!
נעם פון האַרץ אַרויס דיין שנאָבל, פון דער טיר אַוועק דו גער!"
ענטפערט ראָב מיר „קיינמאָל מער."

נאָר דער ראָב רירט ניט קיין פעדער, זיצט און זיצט זיך דאָרט כסדר,
אויפן בלאסן ביוסט פון פּאַלאַס, אויבן אָן ווי גאָרניט ער;
און טייוולאָניש מיט אַ שימער, גליט פאַרטרוימט זיין בליק אין צימער,
און דאָס ליכט פון לאָמפּ צעשפּרייט אַלץ זיינע שאָטנס מער און מער.
אָבער מיין נשמה וועט שוין אונטער שאָטנס אַזוי שווער
ניט דערלייזט זיין קיינמאָל מער!

# אינהאַלט

